Ostrowcer Cajtung
פרייז 10 גר.
ערשטער יאָר-גאַנג Nr. 2

# אָסטראָווצער צייטונג

אומפּאַרטייאיש וואָכנבלאַט פאַר אָסטראָווצע, אַפּט און אומגעגנט

אַבאָנאַמענט-פּרייז: א חודש — 40 גר. פאַר אויסלאַנד — 20 סענט. ● אַנאָנסן-פּרייז: 1-טע זייט 5 שפּ. 1 מם. שורה— 30 גר. אין טעקסט 5 שפּ. 1 מם. שורה—60 גר.

Ostrowiec, 19 września 1937
זונטאָג, ערב סוכות תרצ"ח

ליכט צינדן 5.32

פאַרן אינהאַלט פון די אַנאָנסן איז די רעדאַקציע נישט פאַראַנטוואָרטלעך.

צייטשריפטליכער אַדרעס פאַר בריף און געלט:
L. Rotsztajn, Ostrowiec-K. Rynek 8

# אַ חרפּה!

## (וועגן דער בריסקער אַקציע אין אונזער שטאָט)

עס ציטערט די האַנט פון אויפרע-גונג ווען מיר נעמען שרייבן וועגן דער בריסקער אַקציע אין אונזער שטאָט. עס ברענט די חרפּה אין אונזערע ביי-נער ווען מיר זען, אַז אַן ענין וואָס האָט אויפגעציטערט די יידישע הערצער (נישט בלויז די יידישע...) און די גאַנצע וועלט אויפן חורבן וואָס איז געקומען אויף אונזערע ברידער אין בריסק, זענען געבליבן אייז קאַלט בלויז אונזערע אָסטראָווצער גבירים.

שוין נישט די ערשטע אַקציע וואָס האָט אַזאַ דורכפאַל אין אונזער שטאָט. נישט לאַנג, מ ט 2 יאָר צוריק איז אין גאַנץ פוילן געפירט געוואָרן אַ קאַמפּיין-אַקציע פאַרן אויפבוי-פאָנד פון „צעקאָ-בע", אין אַלע יידישע ישובים אין פוילן איז די אַקציע געפירט געוואָרן מיט גרויס פלייס און ענערגיע. יידן האָבן מיט שמחה אָקיינגעטראָגן זייערע נדבות סיי אין מזומנים און סיי אין ווערט-פּאַפּירן (די נאַציאָנאַלע הלוואה), איז טאַקע אומעטום געזאַמלט געוואָרן גרעסערע סומעס וואָס האָבן הײנט צו-ריקגעקערט דרייפאַכיק דורכן „צעקאָ-בע", מיט די געלטער ווערן אויפגע-שטעלט נייע אַרבעטס-צווייגן פאַר דער דעקלאַסירטער יידישער באַפעלקערונג, כמעט אומעטום האָט די אַקציע געהאַט אַ פאַרהעלטנישמעסיקן דערפאָלג; אָבער ביי אונז? — עס איז נישט לאַנג, מיר געדענקן נאָך ווי שווער און מוטלאָז די אַקציע האָט זיך ביי אונז געפירט. ביז עס איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן אַ סומע פון... נו, מיר וועלן בעסער נישט אויסזאָגן די חרפּה, אַ סומע וואָס פּאַסט פאַר קינעה און וואַנשוב...

מיינט איר, אַז אין די קליינע סומע האָבן אַ חלק אונזערע „קאַרפּן-קעפּ" — ניין! אַ געוויסער „ראש הנגיד" האָט ער היום נאָך נישט באַוויזן אַרויפצושיקן זיין נדבה צום דאַמאָלסטיקן קאָמיטעט-פּרעזעס ה' ד"ר אַבראַמאָוויטש וואָס ער האָט צום וויפלסטן מאָל פאַרזיכערט פּערזענלעך און טעלעפאָניש... און אַזוי צענטליקער פאַרמעגלעכע יידן וואָס האָבן קיין פּרוטה נישט געגעבן.

מען האָט געקאָנט מיינען, אַז אַ בע-סער מזל וועט האָבן די בריסקער אַקצ-יע, דאַרף זיך דאָך יעדער ייד פאַר-טראַכטן, רעדנדיק וועגן בריסק, וועגן זיין אייגענעם מצב... פאַרשטייען נישט אונזערע יידן, אַז מיר מוזן געבן אַ ענטפער די וואָס ווילן פון דער בריס-קער טראַגעדיע מאַכן אַ סימבאָל פון זייערע גירוש-פּלענער איבער די יידישע מאַסן אין פוילן? דאַרף דאָס נישט וועקן די אַמביציע פון יעדן ייד צו האָבן אַ חלק אין דעם כלל-ישראל-ענטפער צו אונזערע שונאים, אַז בריסק מוז אויפ-געבויט ווערן?

ליידער זענען אונזערע גבירים חיי-ניק אַמביציעז אין אַזעלכע זאַכן... יאָ! גאַווהדיק ווערט אַזאַ באַלעבאָס ווען די זאַמלער, אגב, חשובע יידישע בירגער, ווילן נישט נעמען ביי אַזאַ ייד קיין פופציקער גר... אָך! ווי צאָרניק אַזאַ איינער ווערט און קריגט לשון: „איר דינגט זיך? — „היינט" דינגט מען זיך נישט! איר ווילט נישט — איז נישט"... צו פרעגן אַזאַ בר-נש וואָס איז מיט דיר די גדולה „היינט'ז דערויף איז שוין קיין מוט נישטאָ, וואָרום די זאַמ-לער פאַרלאָזן איליק מיט חרפּה די שטוב...

דערווייל איז די אַקציע טויט. עס איז קוים אויפגעזאַמלט געוואָרן עטלעכע צענטליק גילדן. אָבער די זאַמלער טאָרן נאָך נישט אויפגעבן. שטאַרקט אייך! זאָל אייך נישט ענטמוטיקן קיין שום זאַך. איר דאַרפט האָבן דעם באַוווסטזיין, אַז איר דערפילט אייער פליכט פאַר אייערע שווער-געפּרוווטע ברידער און אייער יידיש געוויסן וועט זיין באַרויקט.

א—ן

# פון דער רעדאַקציע

מיר מאַכן אַלע באַמיונגען צו פאַרשענערן אונזער צייטונג.

די נאָענטסטע נומערן וועלן שוין זיין פאַרזען מיט אַלע רובריקן ווי: פּאָליטיאישע און געריכטלעכע כראָניק. אויך וועלן מיר אָנהויבן צו דרוקן אַ שפּאַנענדע דערציילונג.



# קאַסע-באַריכט פון „תלמוד-תורה" אין אָסטראָווצע

פון 15 מערץ 1935 ביז דעם 1 סעפּטעמבער 1937

| הכנסה | סומע | הוצאה | סומע |
|---|---|---|---|
| 1) פאַרשידענע נדבות | 1519.92 | 1) שרייב-מאַטעריאַלן און דרוק-זאַכן | 167.89 |
| 2) חודשלעכער מיטגלידס-אָפּצאָל | 4650.87 | 2) פאַרשידענע הוצאות | 327.10 |
| 3) סובווענצן פון מאַגיסטראַט | 400.— | 3) אינקאַסענט | 1358.93 |
| 4) „ „ יידישע קהלה | 275.— | 4) פּערסאָנאַל | 8622.55 |
| 5) שכר-לימוד פון קינדער | 2898.29 | 5) הלוואות | 625.— |
| 6) סובווענץ פון „קרן התורה", וואַרשע | 75.— | 6) אויף באַקליידונג | 1183.— |
| 7) נדרים | 311.88 | 7) אויף באַשפּייזונג | 148.40 |
| 8) פּושקעס | 16.17 | 8) סאַלדאָ אויפן יאָר 1-9-37 | 9.03 |
| 9) פון סטאַראָסטווע אין אַפּט | 15.27 | | |
| 10) הלוואות | 625.— | | |
| 11) פון אָסטראָווצער פרויען-פאַריין אין פאָרמע אויף באַקליידונג פאַר אָרעמע קינדער | 1387.— | | |
| 12) באַשפּייזונג'ס-אַקציע פון „טאָז" דורך („קרן-התורה") | 267.50 | | |
| ס"ה | 12441.90 זל. | ס"ה | 12441.90 זל. |

# סכות

סכות איז בעיקר א זכר פון יענע וואנדער-צייטן, דורך דער מדבר, ווען דאס פאלק האט אין אזעלכע צייטווייליקע וואוינונגען (דירות ארעי) געמוזט פארברענגען, ווייל די סטאבילקייט (קבע) די מנוחה ונחלה, א״י, איז נאך געווען גאנץ ווייט...

באזעצנדיק זיך בקביעות אויף אייגענע ערד, ווערט סכות דער חג האסיף דער זמן שמחתנו נאכן שווערן וועג, וואס מען האט אדורכגעמאכט, ביז מען האט דערלעבט ארויבצוקלייבן די זיבנפאכיקע פרוכט, מיט וועלכע א״י איז געבענטש געווארן.

אין משך פון לאנגן גלות בלייבט די סוכה אין דער יידישער היסטאריאזאפיע דער סימבאל וואס לאזט נישט דעם ייד פארגעסן, אז די אייזן - בעטאן הייזער זיינע אין גלות, אין וועלכע ער זיצט זענען פאר אים נישט שטארקער ווי די סוכה...

דער ייד מוז געדענקן, אז זיין דירת קבע, מוז געשטעלט ווערן אויף אייגענער ערד, דארטן ווערט אפילו א סוכה א דירת קבע, נישט נאר זיצן, נאר אפילו „תדירו״ וואוינען...

ווייל סוכה סימבאליזירט טאקע די ענני הכביר, דעם פארוואלקנטן טריבן גלות, דעם כאאס אין אונארדנונג פון א וואנדער לעבן, וואס איז דער גורם צו אינערלעכער צעריסנקייט, דערפאר האט מען אונז אין די הענט געגעבן אויף די סוכות-טעג די 4 מינים, וואו יעדער מין האט א באזונדערע קוואליטעט: טעם און ריח, ריח אן טעם, טעם אן ריח און א מין וואס האט נישט קיין טעם און נישט קיין ריח, אזויפיל ווי עס איז צאל עלעמענטן, פון וועלכע עס שטעלט זיך צוזאמען דער מענשןמאטעריאל פון יעדן פאלק, און אלע זענען אבגור פון דער זעלבער וויכטיקייט.

די פיר מינים מוזן ווערן איינס, „והיו לאחדים בידי״, דאן ווען עס האנדלט זיך וועגן וויכטיק פאלקס פראבלעמען, וואו עס האנדלט זיך וועגן קיום האומה און בפרט ווען מיר זיצן אומעטום נאר אין סוכות... און עס בושעווען בייזע ווינטן און דייסן אוועק יעדער מינוט פון אונזער, אזוי אויך מאגערן קיום, — מוזן מיר פארדאס מער ארויסווייזן אונזער אייניקייט און געשלאסנקייט „אום אני חומה״, מיר מוזן זיין ווי א מויער!...

**דב ראבינאוויטש**

ערב סוכות, תרצ״ח

# ווענן די קאאפעראטיווע האנטווערקער-באנק אין אסטראוויעץ

לעצטענס האט די באנק שטארק פארברייטערט איר קרעדיט-טעטיקייט. א דאנק דעם קרעדיט פון „פונדיישן״ פון חודש מערץ ד. י. געניסן אין איצטיקן מאמענט לערך 60 מיטגלידער (קליינהענדלער און האנטווערקער) פון לאנג-טערמיניקע הלואות צו א זער נידריקן צינז-פוס 10 פראצ. יערלעך. צוליב דער זער שנעלער ענטוויקלונג פון דער קאאפעראטיוו האט דער „פונדיישן״ אויפסניי באשטימט דער אינסטיטוציע א הלוואה פון 6000 זל.

די באנק נעמט כסדר צו פרישע מיטגלידער פון אלע שיכטן. די הלואות ווערן ארויסגעגעבן אין א שנעלן טעמפא און ביי אלע געזעלשאפטלעכע באדינגונגען.

די באנק פרייט זיך מיטן צוטרוי, וואס זי האט ביי אלע קרייזן און איז פארבונדן מיט א רייע אנגעזעענע ארטיקע פירמעס, וועלכע ארבעטן מיט אינקאסע - פארטפעלן. ס'שטייט איצט אויפן טאג-ארדנונג די פראגע פון צונעמען עטלעכע צענדליק פרישע מיטגלידער. וועלכע זאלן געניסן פון דער פרישער הלואה פון „פונדיישן״.

עס ליגט אין אינטערעס פון די קליינהענדלער, האנטווערקער און סוחרים צו געניסן פון דער געלעגנהייט, ווייל דאס איז די איינציקע קוועלע פון וועלכער ס'איז מעגלעך צו געניסן א ביליקן לאנגטערמיניקן קרעדיט אויף געזעלשאפטלעכע יסודות.

טראץ דעם ווערט געפירט א ספעציעלע קרעדיט-טעטיקייט פון אוואנסן אויף אינקאסע-וועקסלען. אין דעם פרט איז די באנק פארן סוחר, פשוט געזאגט, די רעכטע האנט, ווייל דער פראצענט איז א ביליקער און די פינקטלעכקייט איז א אויסערגעוויינלעך-שטרענגע, א חוץ דעם איז איינגעפירט א פאראייניפאכטער סיסטעם פון אברעכנען זיך מיט'ן מיטגליד, אזוי, אז אפילו דער וואס איז ווייניק קוואליפיצירט אין חשבינות האט די מעגלעכקייט מיט אפענע אויגן צו קאנטראלירן דעם חשבון.

עס ווערט אויך געפירט א דיסקאנטטעטיקייט פון קונדישע וועקסלען אויך לויטן קאאפעראטיוון געבאט. די באנק נעמט אן פקדונות פון 1 זל. אן און צאלט געזעצלעכע צינזן.

**ה. וו.**

# אקטועלע נאטיצן

## וועגן תוצרת הארץ.

דיכט זיך א נאטירלעכע זאך, מיר האבן א מצווה אין יום-טוב סוכות צו בענטשן מיט א אתרוג פרי, מיר האבן אויך א מצווה פון ישוב ארץ-ישראל און דערזעל ער ישוב, וואס קעמט און ליידט פארן גאנצן יידישן פאלק, ווענדעט זיך אויך צו אונז, אז מיר זאלן נישט פארשעמען זיינע טייערע פרוכטן, צווישן וועלכע עס געפונט זיך אויך דער אתרוג, איז דאך דער שכל מחויב אז מיר זאלן קיין אנדערן אתרוג נישט וועלן נעמען אין האנט. נאר טאקי די פרוכט פון אינזערע ברידער, וואס בויען די היים פארן גאנצן יידישן פאלק, פארוואס זאלן זיך געפונען יידן, וואס זאלן לייכטזיניג באגיין א בגידה לגבי דעם ישוב א״י, דורכן אויסמיידן אתרוגים פון תוצרת הארץ?

ביי די מצווה פון אתרוג ווערט געזאגט: „ולקחתם לכם—משלכם״, פרעגן מיר די אלע יידן, וואס זענען אזוי מדקדק אין מקוות. ווו איז דא א ווינקעלע אין גאנצן ערד-קויל, וואס קאן אנגערופן ווערן „שלכם״ אויסער אונזער ארץ-ישראל!

פארוואס צאצקעט איר זיך נאך מיט די פרוכטן פון יונים-פאלק—די גריכן?

געדענקט, אז די יידישע תורה, דאס יידישע פאלק און דאס יידישע לאנד רופן אייך צו בענטשן איבער א אתרוג דאס איז אויסגעארבעט פון אונזערע בעסטע זון אין ארץ-ישראל.

**ל. ר—ן.**

# א חזן אויף די ימים טובים

אן אנאנס פון א האטעל - באזיצער אין א יידישער צייטונג מיט גרויסע אותיות:

„פארלאנגט א חזן!

דער חזן דארף זיין אן ארימאן. ער דארף זיין, אויב מעגלעך, אן אלמן אדער אן אלטער בחור. ער דארף זיין פיזיש שטארק, ער דארף וועגן פון 180 ביז 190 פונט. די שטימע זיינע דארף זיין א שטארקע, א באריטאן. אויב א ליטוואק זאל ער בעסער זיצן אין דער היים. מיר ווילן הערן די ריכטיקע עברי. אונזערע מתפללים זענען פוילישע. ער דארף האבן א קליין בערדל, א שפיציקס. ער דארף אויך זיין א הויכער, ער דארף זיין א פרייליכער, מיט א מילדן שמייכל אויפן פנים און נישט ווייער קיין פרומער. ער דארף קאנען זינגען לידער, טאנצן מיטן שיינעם געשלעכט און קאנען זאגן פעפערדיקע וויצן. ער דארף אויך קאנען א ביסל צימבלען אויף דער פיאנא און דער עיקר דארף ער זיין א שיינער בארשוין, ס'זאל זיין אויף וועמען א קוק צו טון.

אויב אזא איינער געפונט זיך, זאל ער זיך באלד אפרופן און לאזן וויסן זיין פרייז. קיין כך קאנען מיר נישט געבן, מחמת מיר רעכענען נישט אונזערע געסט פאר קיין בילעטן. דאס העכסטע, וואס מיר קאנען געבן איז 100 זל. מיט עסן און שלאפן

אכטונגספול

יעקב משה דלפון,

איינגענטימער פון האטעל „גרויסארטיק״.

פונטפערט באלד״.

אויפן פירטן טאג האט דער האטעלבאזיצער באקומען דאס דאזיקע בריוול פון א חזן:

„געערטער ה׳ דלפין!

איך האב געלייענט אייער אנאנס און כ'קאן נישט ארויסקריכן. איר זאגט — גלאט א חזן, אבער איר זאגט נישט, וואס פאר א סארט חזן איר ווילט, א בעל-שחרית, א בעל-מוסף, א בעל-תוקע, אדער א בעל-קורא, מחמת נישט יעדער חזן באזיצט אט די אלע מעלות, וואס איך האב דא אויסגערעכנט, אבער איך באזיץ יא די אלע מעלות. איך בין א בעל-שחרית, א בעל-מוסף, א בעל-תוקע און א בעל-קורא, מיט מיר קאן מען פארשטופן אלע לעכער, ווי איר זעט... און שיין בין איך און געזונט בין איך און טאנצן מיט פרויען און מיידלעך קאן איך, שפילן א גוטן פאקער קאן איך און זאגן א טריפהנעם וויץ קאן איך אייך און וועגן וועג איך 200 פונט, בין זעקס פוס הויך, פארמאג א באריסאן-שטימע, בין א שטארקער, א ריז. א חוץ דאווענען און לייענען און בלאזן שופר קאן איך אויך וואשן פאדלאגעס, האקן האלץ, הייצן דעם אויוון, ארויסטראגן דאס מיסט, איז, ווי איר זעט ה׳ דלפון, בין איך א נוצלעכער מענטש.

אבער איין זאך מוז איך אייך זאגן, וואס איך בין נישט, איך בין זייער ווייט פון צו קאנען עברי, דאס איז דער ריינער אמת. וויל איך, אז איר זאלט דאס וויסן. כ'מאך מער גרייזן ביים דאווענען, ווי איר קאנט זיך אליין פארשטעלן. פון די אלע גרייזן, וואט איך מאך, קאן מען ארויסגעבן צוויי מחזורים און עס זאל נאך בלייבן אויף א קליין מחזורל.

איז, אויב אייערע געסט קאנען גוט עברי, מוזט איר זיך זוכן אן אנדערן חזן און אויב זיי אליין מאכן אויך גרייזן, וועל איך ביי זיי שטארק אויסנעמען...

וועגן פרייז וועלן מיר דורכקומען. פארשטייט זיך, אז 100 זלאטעס איז קיין פרייז נישט. דער עיקר איז, אויב איר זענט צופרידן צו האבן א חזן, וואס מאכט זייער א סך גרייזן אין דער עברי.

לאזט מיר באלד וויסן וואס איר דענקט וועגן מיר, ווייל איך וויל נישט פארלירן קיין פאסטן אין אן אנדער שטעטל.

אכטונגספול

בנימין דער חזן.

פ. ס. לאזט מיר אויך וויסן, אויב איר האט א גוטע קעכין. אויב נישט וועל איך ברענגען מיט זיך מיין פרוי, ביי וועמען איך שווארץ שוין אפ דאס זעקסטע יאר, אן ערלעכע און א גרויסער בריה.

דער זעלבער.״

פיר טעג פאר ראש השנה האט דער האטעל-באזיצער געענטפערט דעם חזן:

„געערטער חזן!

איך נעם אן אייער קאנדידאטור, איר געפעלט מיר שוין, כאטש כ'האב אייך נאכנישט געזען פערזענלעך. מיר געפעלט אייער אפנהארציקייט, אייער זאגן דעם אמת.

דאס, וואס איר מאכט א סך גרייזן אין אייער עברי איז בלאטע. אין דער אמתן דאווענען נארנישט אונזערע געסט. זיי אנטלויפן פון דאווענען, ווי פון א פייער און די, וועלכע דאווענען יא, קומען אריין בכדי יוצא צו זיין און אנטלויפן באלד צו כאפן א שפאציר. אנדערע זיצן און שפילן אין קארטן, אנדערע פוצן די נעגל, ווידער אנדערע שלאפן ווי געהרגעטע, זאלט איר זיך נישט שרעקן פאר גרייזן...

דער עיקר געפעלט מיר וואס איר וועט, א חוץ דאווענען, אויך קאנען זיין א משרת, וואשן די פארלאגעס, הייצן דעם אויוון און ארויסטראגן דאס מיסט.

די ארבעט איז ביי מיר וויכטיקער ווי דאס גאנצע חזנות. אבי איר זענט א שיינער יונג, א הויכער, א שטארקער און איר קאנט טאנצן שיינע טענץ און זאגן ליכטע וויצן.

קומט באלד ארויס און מיר וועלן צום רב נישט גיין. נאך צען זל. שפילט נישט קיין ראלע. אבי איך וועל האבן דעם אמתן חזן, דעם ריכטיקן שליח-ציבור.

מיט אכטונג

חיים דלפון.

פ. ס. — נעמט מיט א פאר פעקלעך קארטן, נייע נישט קיין געמארקטע. און אויב מעגלעך, נעמט מיט א גוט ביסל שנאפס. מיינער איז וואסערדיק, און די פרוי אייערע קאנט איר אויך מיטנעמען, איך וויל זי אנקוקן. אפשר וועט זי קאנען בלייבן ביי אונז אין האטעל איבערן גאנצן ווינטער.

דער זעלבער״.

אויב איר ווילט וויסן דעם סוף, וועל איך אייך זאגן, אז דער דאזיקער חזן האט געמאכט א גרויסן סוקצעס — נישט חלילה מיט זיין דאווענען, נאר מיט זיינע טריפהנע וויצן און מיט זיינע טענץ.

**ב. ק—ר.**

# דאס אסטראָווצער לעבן

## דער אָסטראָווצער רבי איז פאַר דער ייד. מלוכה

גרויס אויפזען האָט אַרויסגערופן צווישן די 1000-טער יידן, וואָס האָבן געהערט די שבת-תשובה-דרשה פון היגן רב, ווו דער רב האָט צוו. אנד. זיך אַרויסגעזאָגט, אַז די פאַרגעשלאָגענע יידישע מלוכה איז אַ ליכט-אויפשיין פאַרן יידישן פאָלק. טאָקי נישט קיין זון-אויפשיין, אָבער דאָך אַ לבנה-שיין. דער רב האָט דערביי טרעפלעך צוגעפאַסט די משנה אין יומא, ווו ס'ווערט דערציילט:

„פעם אחת האור אור הלבנה ודומה להם שהאור השמש"...

וועגן ירושלים האָט דער רב געזאָגט, אַז דאָס יידישע פאָלק דאַרף ווייטער פאָדערן דאָס האַרץ פון אַרץ-ישראל, וואָס עס איז ירושלים. דברו על לב-ירושלים דברו — מיר דאַרפן רעדן על לב ירושלים—וועגן האַרץ וואָס עס איז ירושלים.

## די יידישע גמינע אין אַ נייעם לאָקאַל

ווי מיר ווערן געוואויר האָט די קהלה נערינגען די פּראַקטישע לאָקאַלן פון די קאַסע-קאָמונאַלנע אויף דער גלאָגאָווסקי גאַס, די קהלה וועט זיך איבערציען אין די נייע לאָקאַלן דעם 1-טן נאָוועמבער.

## די נייע לאָקאַלן פון מאַגיסטראַט

דער 2-טער שטאָק פון מאַגיסטראַט-הויז, וועלכע דער מאַגיסטראַט האָט אָנגעהויבן בויען נאָך די שריפה וואָס איז דאָרט פאַרגעקומען פאַר אַ יאָר, ווערן שוין פאַרטיק אויפן 1-טן נאָוועמבער, עס וועלן זיך דאָרט געפינען: דער זיצונגס-זאַל, די בוי-אָפּטיילונג, בוכהאַלטעריע א. א.

דער הייגטיקער זיצונגס-זאַל וועט פאַרוואַנדלט ווערן אויף אַ גרעסערן קאַבינעט פאַרן שטאָט-פּרעזידענט.

עס איז אויך באַשטימט אַ קאַבינעט פאַר די לאַווניקעס.

———

## דער ענדעקישער ראַטמאַן ה' זוטשינסקי האָט אַוואַנסירט...

דער באַקאַנטער ענדעקישער ראַטמאַן זוטשינסקי, וועלכער האָט זיך שוין נישט איינמאָל געלאָזט הערן אויף די שטאָט-ראַט-זיצונגען מיט זיינע שאַרפע אַנטיסעמיטישע אַרויסטרעטונגען, איז געוואָרן באַשטימט אַלס נאָמינירטער שטאָט-פּרעזידענט אין זאַלעשטשיקי. אַלס ראַטמאַן איז אַריין אויף זיין אָרט פון די ענדעקישע ליסטע פּרוי מאַקאַרעוויטש.

די אָפּוועזנהייט פון ראַט. זוטשינסקי אין אונזער שטאָט וועלן אָסטראָווצער יידן קנאַפּ באַדויערן...

———

## אַ נייער נאַטשעלניק פון שטייער-אַמט

אויפן אָרט פון ביז-יעצטיקן שטייער-נאַטשעלניק פון אָפּטער אוזשאַנד סקאַרבאָווע ה' גאַוודאַנסקי, וועלכער נעמט צוריק איבער זיין פריערדיקן אַמט אין דער קעלצער איזבאַ-סקאַרבאָווע, איז באַשטימט געוואָרן ה' דראָזשדעל אויך פון די קעלצער איזבאַ.

———

## ווי האַלט עס מיט דער סאַניטאַר-אַקציע?

ווי מיר ווערן געוואויר פון באַגלויבטע קוועלן ווערט די סאַניסאַר-היגיענישע אַקציע וואָס איז לעצטנס ביי אונז געפירט געוואָרן מיט שאַרפע מיטלען, ווי צעלייגן בנינים, פאַרקאַנס א. אז. וו. אָפּגעשטעלט אויף דער ווינטער-צייט.

באַמיונגען אין דער ריכטונג זענען געווען פון יידישן ראַטמענער-קלוב מיט די לאַווניקעס ה'ה בייגלמאַן און ראַט. שימאַרע בראש. די רעזיזיע וועגן אָפּלייגן די אַקציע אויף איבער די ווינטער-צייט איז אָנגענומען געוואָרן נאָכן צוריקקומען פון זייער אורלויב פּרעזידענט ה' סאָקול און לאַווניק „ה' בייגלמאַן.

———

## אַ נייע שול-געביידע

אַזוי ווי די פאַבריקס-לייטונג האָט זיך אָפּגעזאָגט ווייטער צו האַלטן אין אירע לאָקאַלן די פאָלקס-שולן נר. 3 איז דער מאַגיסטראַט צוגעטרעטן אויפבויען אַ נייע שול-געביידע אין פאַבריקס-געגנט אויף דער בערנער-גאַס.

———

## קרעדיט פאַר הייזער-בוי

די באַנק גאָספּאָדאַרסטוואַ קראַיאָוועגאָ האָט לעצטנס דערטיילט אַ קרעדיט פון 60 טויזנט זל. פאַר בויען נייע הייזער אין אונזער שטאָט.

אין פאַרטיילונגס-קאָמיטעט זענען צוו. אנד. אויך פאַרטרעטן די ה"ה: רובינשטיין, לעדערמאַן און גאָלדשטיין.

## אפילו פאַר געלט זעט מען נישט גערן קיין יידישן שילער

צום נייעם שול-יאָר האָבן זיך געמאָלדן צום עקזאַמען אין די האַנדלס-שולע ביז 100 יידישע קינדער, וועלכע האָבן איינגעצאָלט דעם עקזאַמען-אָפּצאָל.

פון די אַלע איז געוואָרן צוגענומען בלויז איינצלנע שילערן.

פּירושים זענען איבעריק...

## דער וו. שטאָט-פּרעזידענט אויף אורלויב

עס איז אַוועקגעפאָרן אויף אורלויב דער וויצע-שטאָט-פּרעזידענט ה' דזשאַר-מאַנאָווסקי, זיינע פונקציעס דערלעדיקט דער פּרעזידענט ה' סאָקול.



## פון אָזשאַראָווער לעבן

דער קאַמף קעגן יידישן האַנדל פאַרשטאַרקט זיך. דער קאַמף קעגן יידישן האַנדל האָט אויך נישט אויסגעמיטן אונזער שטאָט. ביז היינט איז דער קאַמף געפירט געוואָרן אין דער שטיל. מען האָט גערופן פויערים-פאַרזאַמלונגען און פּ אָפּגעגירט נישט צו קויפן ביי יידן א.אז.וו.

לעצטנס זענען די העצער אַרויס פון זייערע לעכער און אָנגעהויבן עפנטלעך פּרעדיקן זייערע גיפט-דרשות. אַזוי איז אין פאַריקן זונטאָג געטיילט געוואָרן אין קירכע פלוג-בלעטלעך מיט שאַרפע אַנטיסעמיטישע לאָזונגען.

עס איז זייער טרויעריק, ווען אין אַ צייט, ווען דער אויסראָטונגס-קאַמף איז אַזוי גוט אָרגאַניזירט, הערשט אין די יידישע קרייזן אַזאַ צעפאַלנקייט און דעזאָריענטאַציע און אונזערע גרויס-פּאָליטיקער „קאָנען" זיך נאָך אַלץ נישט אויפהויבן איין שטאַפּל העכער פון זייערע פּערזענלעכע און קליינלעכע אַמביציעס. ווען וועלן זיי שוין פאַרט באַגרייפן דאָס אחריות פון היינטיקן שווערן מאָמענט?

ווען?..

א. פּ.

# אונזערע אינסטיטוציעס

II

## תלמוד תורה

זייער אַ טרויעריק קאַפּיטל אין אונזער געזעלשאַפטלעך לעבן איז דער חינוך-הבנים-פּראָבלעם. מיר וועלן וועגן דעם נעמען שטעלונג אין די ווייטערדיקע נומערן פון אונזער צייטונג גאַנץ באַזונדער און אַלזייטיק.

אַמשווערסטן ליידט פונם פעלן פון אַ געז. חינוך דער אָרעמער ייד, וואָס איז נישט אימשטאַנד צו געבן זיין יינגל אַ פּריוואַטן חינוך. אומעטום עקזיסטירן שוין איינגעאָרדנטע תלמוד-תורהס, ווו דאָס אָרעמע יינגל באַקומט אַ געזונטע יידישע דערציִונג. ביי אונז האָט מען נאָך נענוג, ווען די תלמוד תורה געפונט זיך אין ענגע, נאַסע קעלערן...

ביז מיט אַ צייט צוריק האָט די תלמוד תורה נישט געהאַט קיין שום געזעלשאַפטלעכן כאַראַקטער, ס'האָט עס איבערגעלאָזט פאַרן אָרעמען מלמד מיטן אינקאַסענט, וואָס זאָלן פאַר אַ לוין פון 10—12 זל. אַ וואָך „קנעלן" מיט די קינדער פון דער אָרעמקייט... ביז עס האָט אויף זיך גענומען די איניציאַטיוו דער חשובער און ענערגישער הרב ר' יעקב האַלשטאַק שליט"א און געשאַפן אַ לעגאַל-געוויילטן (דעם 15.3.35) וואָס איז טעטיק ביזן היינטיקן טאָג.

דער פאַרוואַלטונג-צוזאַמענשטעל איז פאָלגנדער: פּרעזעס — הרב האַלשטאַק, וו. פּרעזעס — ה' אברהם פונט, קאַסירער — ה' וועלוול גאָטליב, ערן-סעקרעטאַר — ה' יעקב יהושע דיאַמענט.

מיטגלידער: נפתלי שפּיגעל, אהרן בינענטאַל, שמעון ראָזנבערג, חיים יוסף שטאָקבוים, שלמה זשאַבנער און אברהם שערמאַן.

רעוויזיאָנס קאָמיסיע: ה' וואָלף גרינבערג, ה' הירש חיים ראַפּאַפּאָרט און ה' יחיאל ראָזנצווייג.

בוכהאַלטער און סעקרעטאַר — ה' משה רובינשטיין.

אין משך פון דער צייט איז די צאָל תלמידים געוואַקסן ביז קרוב 300 פּיי מיט וועלכע עס לערנען 4 מלמדים. די פאַרוואַלטונג האָט מיט די מיטלען פון טאָראָנטער פּרויען-קאָמיטעט פאַרטיילט צוויי מאָל מלבושים אויף פּסח און צוויי מאָל שיכלעך אויף ווינטער. עס דאַרף טאַקע אויסגעדרוקט ווערן אַ וואַרעמער דאַנק דעם פּרויען-הילפס-קאָמיטעט אין טאָראָנטע, וואָס געדענקט נאָך אויסצושטרעקן אַ הילפס-האַנט די אָרעמע קינדער אין זייער אַלטער היים.

דעם פאַרגאַנגענעם ווינטער האָט די פאַרוואַלטונג אויך אַדורכגעפירט, מיט דער שטיצע פון „טאַז" און קרן דתורה, אַ באַשפּייזונגס-אַקציע. אין משך פון פיר חדשים האָבן די קינדער באַקומען טעגלעך זעמל מיט מילך.

באַקאַנענדיק זיך מיטן קאַסע-באַריכט פון דער תלמיד-תורה, וואָס דערגרייכט דעם אַלג. ציפער פון צוועלף טויזנט גילדן אין באַריכט-פּעריאָד, דאַרף אויסגעדרוקט ווערן אַ וואַרעמער דאַנק די טוער פון דער געזעלשאַפט און בפרט דעם חשובן פּרעזעס הרב יעקב האַלשטאַק שליט"א פאַרן געבן דער תלמיד תורה אַ געזעלשאַפטלעכן כאַראַקטער און אַרויפהייבן די אינסטיטוציע פון כאַאָס און שרעקלעכער אומאָרדנונג אויפן וועג פון אַ כלל-אינסטיטוציע מיט אַ קאָנטראָלירטן בודזשעט.

עס בלייבט נאָר צו האָפן, אַז הרב יעקב האַלשטאַק מיט דער פאַרוואַלטונג זאָלן זייער ווערק צופירן צו שלימות אויף אַ מוסטער-חדר אין וואָס דער עיקר — מיט לייטישע היגיענישע לאָקאַלן.

אָבער וועגן דעם דאַרפן זיך אָמערשטן אָפּרופן אונזערע פאַרמעגלעכע יידן, זיי האָבן היינט צו טאָג די בעסטע געלעגנהייט.

# פון אַפטער לעבען

דעם 30-טן פ. ח. איז פאַרגעקומען דאָס איבערנעמען די קהלה-לייטונג דורך די נייע קהלה-פאַרוואַלטונג.

דער פרעזעס פון די ביז-יעצטיקע קהלה-פאַרוואַלטונג ה' י. מרגליות עפנט די זיצונג, נאָך דעם ווי דער קהלה-סעקרעטאַר ה. לופּמאַן לייענט פאָר די רשימה פון קהלה-אינווענטאַר, ווי אויך דעם קאַסע-בילאַנס, גיט אָן דער פרעזעס פון נייעם קהלה-ראַט ה' מרדכי ווייצבלום אין נאָמען פון די מערהייט פון קהלה-ראַט פאָלגענדע ערקלערונג:

היות די יעצטיקע פאַרוואַלטונג געקליבן בלויז דורך די מינדערהייט פון קהלה-ראַט, וועלכע האָט ביי די לעצטע וואַלן באַקומען קוים 30 פּראָצענט שטימען, באַשטייט אויסשליסלעך פון דער ריכטונג, וועלכע האָט ביז היינט אָנגעפירט מיטן היגן קהלה-לעבן און געפירט אַ ווירטשאַפט, אין וועלכע 70% פון אַפטער יודענטום האָט ביי די לעצטע וואַלן אויסגעדריקט אומצוטרוי, ערקלערן מיר, אַז מיר האָבן צו די פאַרוואַלטונג קיין צוטרוי נישט און מיר זענען פאַר די טעטיקייט פון דער פאַרוואַלטונג נישט פאַראַנטוואָרטלעך. גלייכצייטיק ערקלערן מיר, אַז מיר וועלן אויסנוצן אונזערע אַלע מעגלעכקייטן געהערן צו קאָנטראָלירן די טעטיגקייט פון דער פאַרוואַלטונג.

נאָך דעם ווי עס גיט אַ דערקלערונג דער נייער קהלה-פרעזעס ה' לאַנגער, אַז ער וועט זיך בעמיען צו אַרבעטן לטובת דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג, שליסט דער ביז-יעצטיקער פרעזעס די זיצונג.

## „טאָז"-טעטיקייט

די געז. „טאָז" וועלכע איז ביי אונז געגרינדעט געוואָרן ענדע מאַי ה. י. אַנטוויקלט זיך אויסגעצייכנט און האָט איבערגעשטיגן אַלע דערוואַרטונגען. די צאָל מיטגלידער, וועלכע צאָלן נאָרמאַל דעם מיטגלידס-אָפּצאָל דערגרייכט שוין קרוב 300, אין אַמבולאַטאָריום וואָס איז געשאַפן געוואָרן ביים „טאָז" איז אין פאַרלויף פון 2 מאָנאַטן אונטערזוכט געוואָרן ביז 500 קראַנקע, אַ גרויסער טייל האָט באַקומען אומזיסטע אָדער האַלב אומזיסטע רפואות, 9 שולן און חדרים וואָס ציילן ביז 693 קינדער שטייען אונטערן שטענדיקן אויפזיכט פון „טאָז".

ס'עקזיסטירט אויך ביים „טאָז" אַ פרויען-סעקציע, וועלכע פירט די ריינקייטס-אַקציע אין די אָרימע שטובן. ס'איז דורך זיי צוטיילט געוואָרן אַ געוויסער קוואַנטום זייף אומזיסט, וועלכעס האָט געשאָנקען אויף דעם צוועק די פ—אַ מאַנדלבוים. צווישן דער אָרעמער באַפעלקערונג.

ביים „טאָז" עקזיסטירט אויך אַ יוגנט-סעקציע.

די פאַרוואַלטונג באַשטייט פון פאָלגנדע ה"ה:

דר. ש. ראַבינאָוויטש, פרעזעס א. סלופּאָוסקי, מרדכי ווייצבלום י. לייבגאַלאַ, פרוי שרה ריזנבערג, י. סינאַ, פרוי מאַטל ראָזנבערג, ב. וואַקסוואַסער, א. אַלגזי, א. א. פּיזל, מ. וו. גאָלדפאַרב און י. כ"ץ. פאַרטרעטער זענען י. ביינערמאַן, שמואל משה זילבערבערג, ס. יגלמאַן. ערן-געריכט אַד"אַקאַט ראַפּאַלאָוויטש, ה. מיכאל ראָטשטיין און ש. ליפּמאַן, רעוויזיאָנס-קאָמיסיע. אשר ווייצבלום, אבנר גורפינקל און ראובן ווינטרויב. ס'ווערט דורכגעפירט אַ יו"ט-אַקציע דורכן „טאָז" מיט דער לאָזונג: „דערמעגלעכן איינצוקויפן מצדיקאַמענטן און מכשירים פאַרן „טאָז".

באַלד נאָך יו"ט ווערט דורכן „טאָז" אונטערגענומען אַ באַקליידונגס-אַקציע פאַר די אָרימע קינדער.

אין אָנפאַנגס ווינטער איז פאָראויסגעזען אָנצוהייבן אַ באַשפּייזונגס-אַקציע פאַר אָרעמע קינדער און צוטיילן פישטראָן פאַר אַלע אָרעמע קינדער.

## גמילות-חסד-קאַסע

די גמ"ח-קאַסע אין אונזער שטאָט, וועלכע עקזיסטירט שוין 9 יאָר וואָס באַזיצט אַ קאַפּיטאַל פון 7000 זל. האָט זיך לעצטנס געהעריג ענטוויקלט. די ביז יעצטיקע פאַרוואַלטונג, וועלכע באַשטייט פון פרעזעס ה' ישראל ראָזנבערג און ה"ה מיכאל ראָטשטיין, מרדכי ווייצבלום, בנימין ראָסט, יש. לייבגאַלאַ, שמואל גרינשטיין, פ. בולווא, א. דזשאַלאָשיצקי, ת. טייטלבוים און ש. ערמאַן, איז פאַרברייטערט געוואָרן. ס'איז צוגעצויגן געוואָרן פאַרשטייער פון פאַרשיידענע ריכטונגען. ווי ה' דר. ש. ראַבינאָוויטש, א. גלופּאָווסקי, א. גורפינקל, ב. וואַקסוואַסער, ר. ווינטרויב און ל. צוקערמאַן.

ביים היינטיקן טאָג גענעסן פון דער גמ"ח-קאַסע ביז 200 פערזאָן סטאַביל וואָס באַקומען הלוואות.

בכדי צו קענען נאָכקומען דעם פאַרלאַנג פון אַלע וואָס ווענדן זיך נאָך הלואה'ת איז דורך די פאַרוואַלטונגס-מיטגל. לעצטנס אַריינגעבראַכט געוואָרן אַ גרעסערע סומע געלט.

א. א.

# לייענט און פאַרשפרייט די „אַסטראָווצער צייטונג"!





# איבטערנאַט פאַר תלמידים פון דער פרעמד ביי דער פיעטרקאָווער האַנטווערקער-שול

די פיעטרקאָווער האַנטווערקער-שול ביי דער געז. צו פאַרשפּרייטן מלאכה און ערד-אַרבעט צווישן יידן (קאָנצעסיאָנירט דורכן בילדונגס-מיניסטעריום) מאַכט אַ נייעם אויפנאַם אין די אָפּטיילונגען פאַר מעכאַנישער שלאָסעריי און מעבל-טישלעריי.

דער קורס אין יעדן פאַך דויערט 3 יאָר. ס'ווערן אָנגענומען יינגלעך פון 14 ביז 17 יאָר.

ביי דער האַנטווערקער-שול איז פאַראַן אַן אינטערנאַט פאַר תלמידים פון דער פרעמד, וווּ זיי באַקומען פאַר אַ באַשיידענער סומע אין דער הויך פון די זעלבע קאָסטן גאַנץ-טעגלעכע באַשפּייזונג, נאַכטלעגער און בחנמדיקע מעדיצינישע אויפזיכט.

אין לויפנדיקן שול-יאָר האָבן פון אינטערנאַט גענאָסן תלמידים פון אַ גאַנצער ריי שטעט, ווי: וואַרשע, לאָדזש, בענדין, זדונסקע-וואָלע, טאָמאַשאָוו-מאַז, בושעזשין, ראַדאָמסק אָלקוש, שידלאָוויעץ, כזשאַנאָוו, טזשעבינע, יעלושע, וויעזשבניק, בעלכאַטאָוו, ליפּסק ביי דער ווייסל, שערפּץ, סוכעדניעוו, ראָזפּושע, גאָרזשקאָוויץ, פּאָרזשניעוויץ, בוק (פּויזנער קאַנט) א.אנד.

צו די בקשות וועגן אָננעמען דאַרף בייגעלייגט ווערן אַ מעטריקע און אַ שול-צייגניש.

גענויערע ידיעות נאָכן אַריינשיקן אַ פּאָסט-מאַרקע אויף פאָלגנדן אַדרעס:

Szkoła Rzemiosł, Piotrków-Tryb.
Leonarda 12.

# איבערמאַטערונג און אויסשעפונג

עפּעס אַ סודותפולע מין קראַנקייט, וואָס איז אָפּנים פאַרבונדן מיט גייסטיקע ווירקונגען, איז יענער באַקאַנטער צושטאַנד, וואָס מיר זענען געוווינט צו באַצייכענען מיטן אויסדרוק: אויסשעפּונג אָדער איבערמאַטערונג.

מען מיינט דערמיט צו זאָגן, אַז אַן אַקטיווער מענטש דערשפּירט מיטאַמאָל אַ גייסטיקן און פיזישן איבערברוך, פון וועלכן ער מוז זיך מיט גרויס מי אויסהיילן, אייב דאָס גיט זיך אים בכלל איין.

ווי אַ סימן פון אָט דער דערשיינונג גיט מען אָן די אַלגעמיינע ירידה פון דער לעבנספעיקייט פון אָרגאַניזם. דערביי קאָן מען גענוי נישט באַצייכענען נישט דעם אַנאַטאָמישן אָרט און נישט דעם פּאַטאָלאָגישן כאַראַקטער פון דער סיבה פון אָט דער דערשיינונג.

אפשר וועלן די לעצטנס פאַרשטאַרקטע פּרוּוון און אָבסערוואַציעס איבער דער אויסשעפּונג ביי שול-קינדער עפּעס מער אויפקלערן אויף דעם געביט. יעדנפאַלס איז נויטיק גרינטלעך אויסצופאָרשן די סיבות פון דער אויסשעפּונג. מיר פאַרמאָגן אַ געוויסן סכום ידיעות וועגן די כעמישע און פיזיאָלאָגישע פּראָצעסן פון דער מוסקולן-אויסשעפּונג, גייסטיקער טעטיקייט, איבעראַמאָטערונג פון באַזונדערע אָרגאַנען, ווי פאַרדייאונג, זאַפט אויסשיידונג א.אנד. אָבער מיר ווייסן נאָך זייער ווייניק. ביי יערן מין אויסשעפּונג ווערן אָפּגעשוואַכט די הויכער אַנטוויקלטע טיילן פון מוח און בכלל אַלע מינים פעיקייטן (דערנערונג, פאַרדייאונג א.אנד.); די שלעכטע בלוט-צירקולאַציע ווירקט אויפן נערוון-סיסטעם און אַזוי אַרום ווערט, קאָן מען זאָגן, געשלאָסן די גאַנצע לעבנס-צירקולאַציע.

אין די אַרטיקלען און אָפּהאַנדלונגען ווערט געלייגט צום מערסטן אַכט אויף איינער פון די וואַרשיינלעכע סיבות פון דעם אויסשעפּונגס-צושטאַנד, דהיינו אויף אַזאַ, וואָס ליגט אויבן-אויף — אויף דער איינטאָניקייט פון טאָג-טעגלעכן לעבן.

דעם דערמאָנטן קריזיס איז צו זען ס'רוב ביי מענטשן, וואָס זייער אַרבעט קומט פאָר טאָג-איין, טאָג-אויס אין די זעלבע באַדינגונגען, אויף דער זעלבער ליניע. דאָס זענען באַאַמטע, לערער אָדער סוחרים, וואָס קומען יעדן פרימאָרגן אין ביוראָ, פון דאָרט גייען זיי אויף מיטאָג, פון מיטאָג צוריק אין ביוראָ און דאַן אַהיים אָדער ערגעץ אַנדערשוו. די דאָזיקע מענטשן האַלטן זיך — אויך בעת די איבעררייסן אין דער אַרבעט — אָן באַשטימטע געוווינהייטן פון זייער נענטערער אָדער ווייטערער סביבה.

אין יעדער גרעסערער שטאָט זענען זיכער פאַראַן טויזנטער באַשעפטיקטע מענטשן, וואָס מאַכן דורך אַלעמאָל דעם זעלבן וועג, עסן שטענדיק אויפן זעלבן אָרט, זעען אַלעמאָל די זעלבע פּנימער, עס זעט אויס, אַז דער מענטשלעכער אָרגאַניזם איז צו דעם גיכט באַשאַפן געוואָרן און אַז דאָס באַרימטע ווערטל „דער מענטש איז אַ מאַשין" איז נישט איבעריק טרעפלעך.

די אָפּרישונג, די ענדערונג פון געוויינטלעכן לעבנס-סדר איז פאַר די דאָזיקע שטאַרק באַשעפטיקטע מענטשן באַזונדערס וויכטיק, בפרט ווען זיי קאָנען בעת דער אַרבעט גופא קיין שום אָפּפרישונג נישט האָבן. זאָלן זיי כאָטש זוכן אַן אָפּפרישונג אין די געציילטע פרייע שעהן, אין די ווייניקע פרייע טעג אָדער אין דער אורלויב-צייט.

דאָס, וואָס מיר באַצייכענען ווי אַן אַלגעמיינע אַנרעגונג, גיט דעם גאַנצן אָרגאַניזם נייע אימפּולסן. אויב די דאָזיקע אימפּולסן זענען נישטאָ, מוז זיך עס אין גאָר אַ קורצער צייט נוקם זיין אין דער פאָרם פון דעם דערמאָנטן קערפּערלעכן און גייסטיקן קריזיס.

אין וואָס זאָלן מיר זוכן די ענדערונג און אָפּפרישונג?

אין גענוסן פון דער נאַטור, פון דער קונסט, אין כלערליי זאַמלערישע אַרבעטן און ליבהאָבעריי, אין קורצע וואַנדערונגען און רייזעס, אין לייכטן ספּאָרט, אין פאַרברענגען אויף דער פרייער לופט און אין דער געזעלשאַפט פון פריילעכע, דויקע, פריינטלעכע מענטשן.

ד"ר מעד וו. קין.

(„פאָלקסגעזונט")

Red. odp. M. Rozenberg.

לייטער פון דער אַדמיניסטראַציע: ל. ראָטשטיין.

Druk. M. Rozensztajna Piotrków N. Tryb. 4